# הגדה של פסח

## אָנפירער פון סדר:

אין משך פון הונדערטער, הונדערטער יאָרן
היט אָפּ דאָס פאָלק דעם טאָג, ווען עס איז געבוירן געוואָרן.
דורך אַלע יאָרן פון גלות און פּאָגראָמען,
געדענקט דאָס פאָלק משה רבינוס נאָמען.
פון טאַטעס צו קינדער ווערט וועגן פסח איבערגעגעבן
ווי אַ פּערזענלעכע פּאַסירונג פון זייער אייגענעם לעבן.
פסח — דער יום-טוב פון פרייהייט, נס, מופת און וואונדער —
לאָמיר איך היינט אים פייערן ביים סדר פון שול-קינדער.

(דער אָנפירער פון סדר קוקט נאָך צי עס ליגן אויפן טיש לעבן אים דריי מצות, איינע אויף דער אַנדערער און דעקט זיי צו. דאַן שטעלט ער אַרויף אויף די מצות אַ קערה (אַ שיסל אָדער אַ טעלער), אויף וועלכער עס זיינען אויסגעלייגט פאָלגענדיקע מינים: אַ זרוע, אַן איי, מרור, כרפס, כריין — אין דער אָרדענונג וואָס ווערט געוויזן אויפן בילד).



אָנפירער פון סדר (זאָגט אָן די אָרדנונג פון סדר):

קַדֵּשׁ. וּרְחַץ.
כַּרְפַּס. יַחַץ.
מַגִּיד. רָחַץ.
מוֹצִיא. מַצָּה.

מָרוֹר. כּוֹרֵךְ.
שֻׁלְחָן עוֹרֵךְ.
צָפוּן. בָּרֵךְ.
הַלֵּל. נִרְצָה.

אָנפירער פון סדר (זאָגט):

# קַדֵּשׁ

אַלע פאַרזאַמעלטע הייבן זיך אויף און שטייען בעת מען מאַכט קידוש.

סַבְרֵי מָרָנָן וְרַבָּנָן וְרַבּוֹתַי:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, בּוֹרֵא פְּרִי הַגָּפֶן.

אַלע: אָמֵן.

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר בָּחַר בָּנוּ מִכָּל עָם וְרוֹמְמָנוּ מִכָּל לָשׁוֹן וְקִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו, וַתִּתֶּן לָנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ בְּאַהֲבָה (לשבת שַׁבָּתוֹת לִמְנוּחָה ו)מוֹעֲדִים לְשִׂמְחָה, חַגִּים וּזְמַנִּים לְשָׂשׂוֹן, אֶת יוֹם (הַשַּׁבָּת הַזֶּה וְאֶת יוֹם) חַג הַמַּצּוֹת הַזֶּה, זְמַן חֵרוּתֵנוּ, (בְּאַהֲבָה) מִקְרָא קֹדֶשׁ, זֵכֶר

## לִיצִיאַת מִצְרָיִם. כִּי בָנוּ בָחַרְתָּ וְאוֹתָנוּ קִדַּשְׁתָּ מִכָּל הָעַמִּים (וְשַׁבָּת) וּמוֹעֲדֵי קָדְשְׁךָ (בְּאַהֲבָה וּבְרָצוֹן) בְּשִׂמְחָה וּבְשָׂשׂוֹן הִנְחַלְתָּנוּ. בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, מְקַדֵּשׁ (הַשַּׁבָּת וְ)יִשְׂרָאֵל וְהַזְּמַנִּים.

אַלע : אָמן.

קינד א :

מיט טויזנטער יאָרן צוריק
זיינען קייטן צעשפרונגען אויף שטיק.
פליסט פרייהייט אין אונדזער בלוט,
זינגט אין אונדז גלויבן און מוט,
אַז מער וועט שוין קנעכשאַפט ניט זיין —
לאָמיר הייבן דעם בעכער מיט וויין.

קינד ב :

מיט פרייד און ליבע אָן אַ מאָס,
מיט הייסן גלויבן, טיפע טרייהייט,
הייבט אַלע אויף דעם ערשטן כּוס
פאַר אונזער אַלטער ליבער פרייהייט

אָנפירער פון סדר :

## בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה.

אַלע : אָמן (און טרינקען וויין פון די כוסות).

אָנפירער פון סדר (זאָגט אויף אַ קול) :

## וּרְחַץ

(מען ברענגט אַ שיסל וואַסער, ער וואַשט די הענט און דאַן זאָגט ער אויף אַ קול:)

# כַּרְפַּס

(טונקט איין גרינס אין זאַלץ־וואַסער, זאָגט די ברכה:)

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה.

אַלע: אָמן.

אָנפירער פון סדר (זאָגט אויף אַ קול):

# יַחַץ

(צעברעכט די מיטלסטע מצה און באַהאַלט פאַר דעם אפיקומן, דערנאָך זאָגט ער אויף אַ קול:)

# מַגִּיד

אָנפירער פון סדר:
און איצט וועלן מיר אָנהייבן זאָגן די הגדה:

הָא לַחְמָא עַנְיָא דִּי אֲכָלוּ אֲבָהָתַנָא בְּאַרְעָא דְמִצְרָיִם. כָּל דִּכְפִין יֵיתֵי וְיֵיכֻל. כָּל דִּצְרִיךְ יֵיתֵי וְיִפְסַח. הַשַּׁתָּא הָכָא. לְשָׁנָה הַבָּאָה בְּאַרְעָא דְיִשְׂרָאֵל. הַשַּׁתָּא עַבְדֵי. לְשָׁנָה הַבָּאָה בְּנֵי חוֹרִין.

אַלע (זינגען): **כָּל דִּכְפִין**




כָּל דִּכְפִין יֵיתֵי וְיֵיכוֹל ⎫
כָּל דִּצְרִיךְ יֵיתֵי וְיִפְסַח ⎭ 2
הָשַׁתָּא הָכָא,
לְשָׁנָה הַבָּאָה בְּאַרְעָא דְיִשְׂרָאֵל.

הָשַׁתָּא עַבְדֵי
לְשָׁנָה הַבָּאָה בְּנֵי חוֹרִין.

כָּל דִּכְפִין. . . . .

קינד:

טאַטע, איך וועל דיך פרעגן די פיר קשיות:

# מַה נִּשְׁתַּנָּה הַלַּיְלָה הַזֶּה מִכָּל הַלֵּילוֹת?

פֿאַר וואָס איז די
דאָזיקע נאַכט פון סדר אַנדערש פֿון אַלע נעכט פֿון אַ
גאַנץ יאָר?

## שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אָנוּ אוֹכְלִין חָמֵץ וּמַצָּה; הַלַּיְלָה הַזֶּה — כֻּלּוֹ מַצָּה.

אַלע נעכט מעגן מיר עסן סײַ חמץ סײַ
מצה, אָבער הלילה הזה — אין דער דאָזיקער נאַכט,
נאָר מצה?

## שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אָנוּ אוֹכְלִין שְׁאָר יְרָקוֹת; הַלַּיְלָה הַזֶּה — מָרוֹר.

אַלע נעכט עסן מיר כלערליי גרינסן,
אָבער הלילה הזה — אין דער דאָזיקער נאַכט — מרור —
בלויז ביטערע קרײַטעכער?

# שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אֵין אָנוּ מַטְבִּילִין אֲפִילוּ פַּעַם אֶחָת; הַלַּיְלָה הַזֶּה — שְׁתֵּי פְעָמִים.

אַלע נעכט דאַרפֿן מיר ניט אײַנטונקען
אפֿילו איין מאָל אויך נישט, אָבער הלילה הזה — אין
דער דאָזיקער נאַכט טונקען מיר אײַן צוויי מאָל?

# שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אָנוּ אוֹכְלִין בֵּין יוֹשְׁבִין וּבֵין מְסֻבִּין; הַלַּיְלָה הַזֶּה — כֻּלָּנוּ מְסֻבִּין.

אַלע נעכט קענען מיר עסן סײַ זיצנדיק
גלײַך, סײַ אָנגעלענט, אָבער הלילה הזה — אין דער
דאָזיקער פסח־נאַכט עסן מיר אַלע אָנגעלענט?

און איצט, טאַטע, גיב מיר אַ תירוץ אויף די פיר קשיות.

אָנפירער פון סדר:

און דער תירוץ איז אַזאַ:

# עֲבָדִים

## הָיִינוּ לְפַרְעֹה בְּמִצְרָיִם. וַיּוֹצִיאֵנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ מִשָּׁם בְּיָד חֲזָקָה וּבִזְרוֹעַ נְטוּיָה. וְאִלּוּ לֹא הוֹצִיא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אֶת אֲבוֹתֵינוּ מִמִּצְרַיִם, הֲרֵי אָנוּ וּבָנֵינוּ וּבְנֵי בָנֵינוּ מְשֻׁעְבָּדִים הָיִינוּ לְפַרְעֹה בְּמִצְרָיִם. וַאֲפִילוּ כֻּלָּנוּ חֲכָמִים, כֻּלָּנוּ נְבוֹנִים,

# כֻּלָּנוּ זְקֵנִים, כֻּלָּנוּ יוֹדְעִים אֶת הַתּוֹרָה—מִצְוָה עָלֵינוּ לְסַפֵּר בִּיצִיאַת מִצְרָיִם. וְכָל הַמַּרְבֶּה לְסַפֵּר בִּיצִיאַת מִצְרַיִם—הֲרֵי זֶה מְשֻׁבָּח.

אַלע (זינגען):

A -va- dim ha- yi -nu, ___ ha- yi -nu, a - ta b' - ney cho-
rin, b'-ney cho-rin. A -va - dim ___ ha - yi -nu, a-
ta, a - ta, b' - ney cho - rin. ___ A - va - dim
ha - yi-nu, a - ta, a - ta, b'-ney cho-rin, b' - ney cho-rin.

עבדים היינו, היינו. עתה בני חורין, בני חורין.

קינד א:

עבדים היינו לפרעה במצרים —
שקלאַפן זיינען מיר געווען
גאָר אַמאָל אין לאַנד מצרים;
דורות קומען און פאַרגייען —
ניט געווען ווער ס'זאָל באַפרייען

אַלע (זינגען):

ע ב ד י ם ה י י נ ו —

קינד ב:

האָבן מיר דעם ליים געקנאָטן
ציגל מאַכן פאַר דעם מויער;
אין די הערצער פון די שקלאַפן
האָט געגליט דער צער און טרויער.

אַלע (זינגען):

עבדים היינו —

קינד ג:

פייפט דעם מצרי'ם בייטש אויף רוקנס;
שנײדט זיך אים דאָס לייב מיט צאָרן.
פּרעה הייסט: אין טייך דערטרינקען
ווער א יינגל נאָר געבאָרן.

אַלע (זינגען):

עבדים היינו —

## פּיראַמידן




קינד א:

אין דעם לאַנד פֿון פּיראַמידן,
געווען א קיניג בייז און שלעכט,
געוועזן זיינען אַלע ייִדן
זיינע דינער, זיינע קנעכט.

קינד ב:

קינדער האָט מען דאָן פֿאַרמויערט
ווען א ציגל האָט געפֿעלט.
ווער ווייס ווי לאַנג עס וואָלט געדויערט
אָט די וויסטע שקלאַפֿן-וועלט,

קינד ג:

ווען אין לאַנד פֿון פּיראַמידן
וואָלט ניט זיין א גרויסער העלד,
וועלכער האָט געקעמפֿט פֿאַר ייִדן,
מיט זיין חכמה און זיין שווערד?

קינד ד:

# מַעֲשֶׂה

## בְּרַבִּי אֱלִיעֶזֶר וְרַבִּי יְהוֹשֻׁעַ
## וְרַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה וְרַבִּי
## עֲקִיבָא וְרַבִּי טַרְפוֹן שֶׁהָיוּ מְסֻבִּין
## בִּבְנֵי בְרַק, וְהָיוּ מְסַפְּרִים
## בִּיצִיאַת מִצְרַיִם כָּל אוֹתוֹ
## הַלַּיְלָה, עַד שֶׁבָּאוּ תַלְמִידֵיהֶם
## וְאָמְרוּ לָהֶם: רַבּוֹתֵינוּ, הִגִּיעַ
## זְמַן קְרִיאַת שְׁמַע
## שֶׁל שַׁחֲרִית.

אָנפירער פון סדר:

דאָס איז געווען נאָכן צווייטן חורבן, ווען די רוימער האָבן געהערשט איבער יהודה. אָט־די תנאים זיינען געזעסן אין בני־ברק און האָבן אויסגעאַרבעט פלענער פון אַן אויפשטאַנד קעגן די באַדריקער. פאַרטאָג זיינען געקומען זייערע תלמידים, די יונגע יידישע העלדן, און האָבן דערקלערט, אַז זיי זיינען גרייט אָנצוהייבן דעם קאַמף פאַר פרייהייט:

אַלע:

רַבּוֹתֵינוּ, הִגִּיעַ זְמַן קְרִיאַת שְׁמַע שֶׁל שַׁחֲרִית.

אָנפירער פון סדר:

זאָגען מיר די הגדה ווייטער:

אַלע:

## בָּרוּךְ הַמָּקוֹם, בָּרוּךְ הוּא.

# בָּרוּךְ שֶׁנָּתַן תּוֹרָה לְעַמּוֹ יִשְׂרָאֵל,
# בָּרוּךְ הוּא. כְּנֶגֶד אַרְבָּעָה בָנִים
# דִּבְּרָה תוֹרָה. אֶחָד חָכָם, וְאֶחָד
# רָשָׁע, וְאֶחָד תָּם, וְאֶחָד שֶׁאֵינוֹ
# יוֹדֵעַ לִשְׁאוֹל.

## די פיר בנים

**קינד א:**

אין יעדן דאָרף,
אין יעדער שטאָט —
זיי זיינען דאָ —
ס׳איז נישט קיין סוד.

זיי זיינען דאָ —
די בנים פיר.
ס׳איז איינער קלוג,
קלוג אָן אַ שיעור.

דער צווייטער איז
אַ רשע — שלעכט;
ער שלאָגט - און שלאָגט
און בלייבט גערעכט.

**קינד ב:**

דער דריטער איז
אַ נאַר, אַ תם;
דו זאָגסט אים: „בים"
און ער זאָגט: "באַם".

דער פערטער ווייסט
נישט וואָס ער וויל;
ער זיצט פאַרטראַכט
אין שטילער שטיל.

אין יעדן דור,
אין יעדער צייט —
זיי זיינען דאָ,
די חברה-לייט.

**אַלע** (הויבן די כוסות און זינגען):



# וְהִיא

## שֶׁעָמְדָה לַאֲבוֹתֵינוּ וְלָנוּ: שֶׁלֹּא אֶחָד בִּלְבָד עָמַד עָלֵינוּ לְכַלּוֹתֵנוּ; אֶלָּא שֶׁבְּכָל דּוֹר וָדוֹר עוֹמְדִים עָלֵינוּ לְכַלּוֹתֵנוּ, וְהַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא מַצִּילֵנוּ מִיָּדָם.

ייִדן

קינד א:

ייִדן, פּרעה און מצרים,
ליים און ציגל שקלאַפֿעריַי;
נאָך דעם משה און באַפֿרייַאונג —
אַ געשיכטע אייביק נייַ.

קינד ב:

שטענדיק מדבר אונדז אַנטקעגן,
און אַ היטער אונדז — דער ים.
נאָר מיר וועלן אויף די וועגן
איבערקומען יעדן צאַם.

קינד ג:

איז פֿאַר אונדזער פֿאָלק דעם גרויסן
און פֿאַר אונדזער אייביק זייַן,
העכער, העכער הייבט די כּוסות
און מיט שמחה טרינקט דעם ווייַן.

אָנפירער פון סדר:

## וַנִּצְעַק אֶל יְיָ אֱלֹהֵי אֲבֹתֵינוּ, וַיִּשְׁמַע יְיָ אֶת קֹלֵנוּ, וַיַּרְא אֶת עָנְיֵנוּ, וְאֶת עֲמָלֵנוּ, וְאֶת לַחֲצֵנוּ.

קינד ד:

בלוט און פלייש אין ליים פארקנאָטן
און די שקלאַפן שווייגן, שטומען.
דורות קומען, דורות גייען —
ווען אַמאָל די גאולה קומען?

אָנפירער פון סדר:

# וְאֶת עֲמָלֵנוּ — אֵלּוּ הַבָּנִים, כְּמוֹ שֶׁנֶּאֱמַר: כָּל הַבֵּן הַיִּלּוֹד הַיְאֹרָה תַּשְׁלִיכֻהוּ, וְכָל הַבַּת תְּחַיּוּן.

יעדער יינגל וואָס וועט געבוירן ווערן, זאָל אַריינגעוואָרפן ווערן אין טייך — האָט פּרעה באַפוילן. און משה איז געבוירן געוואָרן. זיין מאַמע יוכבד שטייט לעבן זיין וויגעלע און רעדט:

קינד א:

איך שטיי ביי דיין וויגל, איך שטיי און איך קלער...
אויף דיין בלאַס פּנים טריפט מיין טרער.
קינד, זאָג, וואָס וועט זיין פון דיר?
איך שרעק זיך, אַך, מיך גרוילט.

קינד ב:

וועל איך צו די טויזנטער
נאָך אַ קנעכט דערציִען?
וועסט פאַר פּרעהס געטער נאָך
און פאַר פּריִהן קניִען?

קינד ג:

און אפשר דריקט די קנעכטשאַפט שוין
זי שוועבט אין דיינע אויערן?
קייטן קלינגען הערסטו שוין —
ביסט אין זיי געבוירן?

קינד ד :

אפשר פֿילסטו דאָס געיאָמער
וואָס פֿאַרפֿילט די לופֿט ?
און עס מישט זיך אַלץ צוזאַמען,
אַלצדינג אין דײַן מוח ?

קינד ה :

און דו וועסט אַ העלד אויסוואַקסן,
דו וועסט קריגן כּוח.
און דו וועסט דעם יאָך צעברעכן
און באַפֿרײַען ברידער !

אָנפירער פון סדר :

לאָמיר זינגען דאָס ליד וועגן משהן :

אויפן ניל




שווימט דאָס קעסטל אויפֿן טײַך,
אויפֿן גרויסן ניל.
שווימט דאָס קעסטל רואיק, גלײַך,
שווימט דאָס קעסטל שטיל.

און די כוואַליעס גייען שטיל,
גייען צאַרט און לינד ;
ווי זיי וואָלטן היטן זיך
טאָן אַ לייד דעם קינד.

שווימט דאָס קעסטל אויפֿן טײַך,
אויפֿן גרויסן ניל.
שווימט דאָס קעסטל רואיק, גלײַך,
שווימט דאָס קעסטל שטיל.

אַ, די כוואַליעס זײַנען דאָך
ניט ווי פּרעה שלעכט.
ניט דערטרינקען וועלן זיי
משיחן פֿון קנעכט.

אָנפירער פון סדר :

**וַיּוֹצִאֵנוּ יְיָ מִמִּצְרַיִם בְּיָד חֲזָקָה**
**וּבִזְרֹעַ נְטוּיָה, וּבְמֹרָא גָּדֹל,**
**וּבְאֹתוֹת וּבְמֹפְתִים.**

און גאָט האָט אונדז אַרױסגענומען פון מצרים מיט אַ שטאַר־
קע האַנט, מיט אַן אױסגעשטרעקטן אָרעם, ער האָט אָנגע־
װאָרפן אױף די מצרים אַ שרעק און זײ געשלאָגן מיט צען
מכות.

אַלע:

אֵלּוּ עֶשֶׂר מַכּוֹת שֶׁהֵבִיא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ
הוּא עַל הַמִּצְרִים בְּמִצְרַיִם, וְאֵלּוּ הֵן:

| | | |
|---|---|---|
| דָּם | עָרוֹב | בָּרָד |
| צְפַרְדֵּעַ | דֶּבֶר | אַרְבֶּה |
| כִּנִּים | שְׁחִין | חֹשֶׁךְ |

מַכַּת בְּכוֹרוֹת

אַלע (זינגען די ערשטע פערזן. שפּעטער זאָגן זײ ביז צום סוף):

## כַּמָּה

מַעֲלוֹת טוֹבוֹת לַמָּקוֹם עָלֵינוּ!
אִלּוּ הוֹצִיאָנוּ מִמִּצְרַיִם, וְלֹא
עָשָׂה בָהֶם שְׁפָטִים, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ עָשָׂה בָהֶם שְׁפָטִים, וְלֹא
עָשָׂה בֵאלֹהֵיהֶם, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ עָשָׂה בֵאלֹהֵיהֶם, וְלֹא הָרַג
אֶת בְּכוֹרֵיהֶם, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ הָרַג אֶת בְּכוֹרֵיהֶם, וְלֹא
נָתַן לָנוּ אֶת מָמוֹנָם, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ נָתַן לָנוּ אֶת מָמוֹנָם, וְלֹא
קָרַע לָנוּ אֶת הַיָּם, דַּיֵּנוּ.

אִלּוּ קָרַע לָנוּ אֶת הַיָּם, וְלֹא
הֶעֱבִירָנוּ בְתוֹכוֹ בֶּחָרָבָה, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ הֶעֱבִירָנוּ בְתוֹכוֹ בֶּחָרָבָה,
וְלֹא שִׁקַּע צָרֵינוּ בְּתוֹכוֹ, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ שִׁקַּע צָרֵינוּ בְּתוֹכוֹ, וְלֹא
סִפֵּק צָרְכֵּנוּ בַּמִּדְבָּר אַרְבָּעִים
שָׁנָה, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ סִפֵּק צָרְכֵּנוּ בַּמִּדְבָּר
אַרְבָּעִים שָׁנָה, וְלֹא הֶאֱכִילָנוּ
אֶת הַמָּן, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ הֶאֱכִילָנוּ אֶת הַמָּן, וְלֹא
נָתַן לָנוּ אֶת הַשַּׁבָּת, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ נָתַן לָנוּ אֶת הַשַּׁבָּת, וְלֹא
קֵרְבָנוּ לִפְנֵי הַר סִינַי, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ קֵרְבָנוּ לִפְנֵי הַר סִינַי, וְלֹא
נָתַן לָנוּ אֶת הַתּוֹרָה, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ נָתַן לָנוּ אֶת הַתּוֹרָה, וְלֹא
הִכְנִיסָנוּ לְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, דַּיֵּנוּ.
אִלּוּ הִכְנִיסָנוּ לְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל,
וְלֹא בָנָה לָנוּ אֶת בֵּית הַבְּחִירָה
דַּ יֵּ נ וּ !

אַלע (זינגען) **ד י י נ ו**

וואָלטן מיר נאָר פֿון מצרים
גליקלעך אויסגעלייזט געוואָרן,
נאָר דער ים זיך ניט געשפּאָלטן —
דיינו.

וואָלט דער ים זיך שוין געשפּאָלטן
נאָר אים דורכגיין אין דער טרוקן,
וואָלט אונדז דעמאָלט ניט געגאָלטן —
דיינו.

וואָלטן מיר אים שוין אריבער,
נישט געקענט נאָר איבערקומען
פֿערציק יאָר אין גרויסן מדבר —
דיינו.

וואָלטן מיר די פֿערציק יאָר שוין
אין דעם מדבר דורכגעקומען
און קיין מן דאָרט נישט געפֿונען —
דיינו.

וואָלטן מיר דאָרט מן געפֿונען,
נאָר דעם שבת נישט באַקומען,
און צום סיני נישט געקומען —
דיינו.

וואָלטן מיר צום סיני קומען,
נאָר די תורה נישט באַקומען
ס׳פֿאָלק פֿון תורה נישט געוואָרן —
דיינו.

קינד א:

רַבָּן גַּמְלִיאֵל הָיָה אוֹמֵר: כֹּל שֶׁלֹּא אָמַר שְׁלשָׁה דְבָרִים אֵלּוּ בַּפֶּסַח, לֹא יָצָא יְדֵי חוֹבָתוֹ, וְאֵלּוּ הֵן: פֶּסַח, מַצָּה, וּמָרוֹר.

קינד ב:

פֶּסַח שֶׁהָיוּ אֲבוֹתֵינוּ אוֹכְלִים בִּזְמַן שֶׁבֵּית הַמִּקְדָּשׁ הָיָה קַיָּם, עַל שׁוּם מָה?— עַל שׁוּם שֶׁפָּסַח הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא עַל בָּתֵּי אֲבוֹתֵינוּ בְּמִצְרַיִם.

קינד ג:

מַצָּה זוֹ שֶׁאָנוּ אוֹכְלִים, עַל שׁוּם מָה? — עַל שׁוּם שֶׁלֹּא הִסְפִּיק בְּצֵקָם שֶׁל אֲבוֹתֵינוּ לְהַחֲמִיץ, עַד שֶׁנִּגְלָה עֲלֵיהֶם מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים, הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, וּגְאָלָם.

קינד ד:

מָרוֹר זֶה שֶׁאָנוּ אוֹכְלִים, עַל שׁוּם מָה?— עַל שׁוּם שֶׁמֵּרְרוּ הַמִּצְרִים אֶת חַיֵּי אֲבוֹתֵינוּ בְּמִצְרַיִם.

אָנפירער פון סדר:

בְּכָל דּוֹר וָדוֹר חַיָּב אָדָם לִרְאוֹת אֶת עַצְמוֹ כְּאִלּוּ הוּא יָצָא מִמִּצְרָיִם.

## קינד ה:

די „הגדה" מיינט דערמיט צו זאָגן, אַז אין אַלע דורות קעמפן די מענטשן פאַר פרייהייט און דערלייזונג.

## אָנפירער פון סדר:

מיר זיינען פרייע בירגער פון אונדזער גרויסער אַמעריקע. מיר פייערן דעם יום־טוב פסח, ווי אונדזער האַרץ גלוסט. ווייסט איר פאַרוואָס? דאָס איז דערפאַר, ווייל די ערשטע דורות אַמעריקאַנער, ניט־יידן און יידן, זיינען געקומען אַהער פון לענדער, וואו מען האָט זיי געפּלאָגט און גערודפט. דאָ, אין אַמעריקע, האָבן זיי פאַרפלאַנצט פרייהייט פאַר אַלעמען. היינט געניסן מיר דערפון און ציען ווייטער די טראַדיציעס פון דער פרייער אַמעריקע. לאָמיר הערן עטלעכע שורות פון דעם ליד, וואָס איז אויסגעקריצט אויף דער הערלעכער פרייהייטס־סטאַטוע:

## קינד א:

דאָ ביי אונדזער ברעג וועט גריסן אונדז באַקאַנט
אַ פרוי אַ מעכטיקע מיט פאַקל אויפגעשטעלט,
ווי בליץ געפאַנגענער צעלויכטן און צעהעלט.
די מוטער פון פאַרשטויסענע! דער פאַקל אין איר האַנט
גליט אויס אַ ברוך הבא צו וועלט פון ראַנד צו ראַנד,
און נעמט אַרום צוויי האַפן שטעט מיט מילדן בליק באַזעלט.

„ווער דאַרף דיין יחוס, אַלטע וועלט! — זי רופט
מיט שטומער ליפּ: „מיר גיט די אָרעמע, פאַרמאַטערט און
פאַרשמאַכט,
געשטיקטע מאַסן, גאַרנדיק נאָך פרייהייט און נאָך לופט, —
אין שפלות אויסגעשפּיגן און פון דיין ברעג געבראַכט,
דערלאַנג זיי מיר, די היימלאָזע פון שטורעם אויסגעפּרואווט,
איך הייב דעם לאָמפּ ביי שפּיגל־טיר — אַ ברייטער אויף
געמאַכט".

## אָנפירער פון סדר:

אַנדערש איז אָבער געווען אין דער אַלטער וועלט.

(אַלע שטייען אויף)

מיט הייליקן ציטער דערמאָנען מיר די העלדישע קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ און פון אַלע געטאָס, וואָס זיינען געפאַלן פאַרן כבוד פון יידישן פאָלק אין פאַרצווייפלטן קאַמף קעגן אונדזער גרעסטן שונא, דעם דייטש.

מיט באַוואונדערונג און ליבע דערמאָנען מיר די חלוצים און העלדן, וואָס האָבן מיט מוט, אויסדויער און מסירת־נפש, דעראָבערט די באַפרייאונג פון אונדזער פאָלק אין אונדזער אייגן לאַנד — ישראל.

(מען זעצט זיך)

## אָנפירער פון סדר:

לאָמיר איינזאַפּן אין זיך, קינדער, די ביטערניש פון יענע גרויזאַמע טעג אין דער וואַרשעווער געטאָ און אין אַלע געטאָס וואו יידן זיינען אין קדושה און אין גבורה אויסגע־גאַנגען:

## קינד ב:

אין וואַרשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן
און פול שטייט דער כוס אליהו הנביא'ס.
נאָר ווער האָט דעם סדר דאָ איבערגעריסן?
ווי שטענדיק — די דייטשישע שפּראַך פון מושטירן
געקומען איז טרינקען דער מלאך־המות...
ווי שטענדיק — די שפּראַך פון באַפעלער געניטע,
ווי שטענדיק — זיי זיינען געקומען דאָ פירן
אַ טייל פונם אידישן פאָלק צו דער שחיטה...

אין וואַרשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן.

פון שטיין זיי אַנטקעגן, פון קאָנען זיך ווערן!
אָט הער, ווי עס הילכן אין חצות אָפּ די שאָסן,
אָט, הער, ווי דער טויט גייט אויף בלוטיקע שפּורן,
אָט, הער: די געשיכטע ווערט איצטער פאַרשלאָסן
מיט העלדישן אומקום אין ליל השימורים...

## אָנפירער פון סדר:

לאָמיר איצט הערן אַ ליד וועגן דער גבורה פון ארץ־ישראלדיקן ישוב, ווען ער האָט אויסגעקעמפט ה' אייר תש"ח זיין זעלבסט־שטענדיקייט און פרייהייט.

קינד ג:

פון וואַרשעווער געטאָ ביז מדינת ישראל
עס ציט זיך איין יידישער פראַנט!
די זעלביקע העלדן, די זעלבע גבורים —
זיי קומען פון ווייט און פון נאָענט.

פון דורות פון ווייטע ביז בלוטיקע טעג איצט
עס ציט זיך איין גאָלדענע קייט:
בר־כוכבא — הגנה — די זעלבע קנאים
אין הרי יהודה צעשפּרייט.

פון דורות פון ווייטע ביז אונדזערע צייטן
דערלאַנגען זיך שונאים די הענט,
צי מצרי, צי פלשתי, אנטיוכוס, צי טיטוס
צי המנם פון איטליכן לאַנד...

חזק, זייט געשטאַרקט, אַ, איר קעמפער ישראלס
געבענטשט אייער מוטיקע שווערד!
ס'איז קאַמף מיט מאַידאַנעק, מיט גאַז און מיט אויוונס,
דער קאַמף פאַר דער יידישער ערד!

דאָס לעבן איז שיין אונטער הימל פון תכלת
עס לאָקט דער כנרת און רייצט;
דאָך הייליק דער טויט איז פאַר לאַנד און פאַר אומה,
און הייליק דאָס בלוט, וואָס עס פליצט...

פון וואַרשעווער געטאָ ביז ירושלים
עס ציט זיך איין יידישער פראַנט!
געבענטשט זייט, איר העלדישע ברידער און שוועסטער,
געבענטשט זייט פון ווייט און פון נאָענט.

קינד ד:

לאָמיר טרינקען דעם כוס דעם צווייטן
פאַר פאָלק ישראל דעם באַנייטן;
אַרום איז שטענדיק צרות אַ ים,
דאָך עם ישראל חי וקים.

אָנפירער פון סדר (מאַכט די ברכה, אַלע זאָגן נאָך און טרינקען דעם צווייטן כוס):

**בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, בּוֹרֵא פְּרִי הַגָּפֶן.**

נפירער פון סדר (זאָגט הויך, מען דערלאַנגט אים וואַסער, וואַשט זיך)

# רַחַץ

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ
הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו
וְצִוָּנוּ עַל נְטִילַת יָדָיִם.

# מוֹצִיא

---

# מַצָּה

אָנפירער פון סדר (ברעכט אָפּ שטיקלעך פון דער אויבערשטער מצה און פון דער רעשט און מאַכט די ברכות, אַלע זאָגן: אָמן):

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ
הָעוֹלָם הַמּוֹצִיא לֶחֶם מִן הָאָרֶץ.

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ
הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו
וְצִוָּנוּ עַל אֲכִילַת מַצָּה.

אָנפירער פון סדר (זאָגט הויך):

# מָרוֹר

(אַלע נעמען אַ ביסל מרור. מען טונקט עס איין אין חרוסת און מען מאַכט די ברכה:)

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ עַל אֲכִילַת מָרוֹר.

אָנפירער פון סדר (זאָגט הויך):

# כּוֹרֵךְ:

(יעדער נעמט צוויי שטיקלעך מצה, לייגט אַריין צווישן זיי אַביסל כריין)

אַלע:

זֵכֶר לְמִקְדָּשׁ כְּהִלֵּל.

כֵּן עָשָׂה הִלֵּל בִּזְמַן שֶׁבֵּית הַמִּקְדָּשׁ הָיָה קַיָּם: הָיָה כּוֹרֵךְ מַצָּה וּמָרוֹר וְאוֹכֵל בְּיַחַד, לְקַיֵּם מַה שֶּׁנֶּאֱמַר: עַל מַצּוֹת וּמְרֹרִים יֹאכְלֻהוּ.

אָנפירער פון סדר (זאָגט הויך):

# שֻׁלְחָן עוֹרֵךְ:

(מען עסט די סעודה)

נאָך דער סעודה זאָגט דער

אָנפירער פון סדר:

קינדער, לאָמיר בענטשן.

אַלע (צוזאַמען):



בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, הַזָּן אֶת הָעוֹלָם כֻּלוֹ בְּטוּבוֹ, בְּחֵן בְּחֶסֶד וּבְרַחֲמִים. הוּא נוֹתֵן לֶחֶם לְכָל בָּשָׂר, כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ. וּבְטוּבוֹ הַגָּדוֹל תָּמִיד לֹא חָסַר לָנוּ וְאַל יֶחְסַר לָנוּ מָזוֹן לְעוֹלָם וָעֶד. בַּעֲבוּר שְׁמוֹ הַגָּדוֹל — כִּי הוּא זָן וּמְפַרְנֵס לַכֹּל, וּמֵטִיב לַכֹּל, וּמֵכִין מָזוֹן לְכָל בְּרִיּוֹתָיו אֲשֶׁר בָּרָא. בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ הַזָּן אֶת הַכֹּל.

אָנפירער פון סדר:

לאָמיר טרינקען דעם דריטן כוס.

קינד:

דעם דריטן כוס מיט אַ ברכה<br>
פאַר דער אידישער מלוכה;<br>
טראָץ די שונאים אָן אַ צאָל,<br>
לעבן אייביק וועט ישראל!

אַלע (מאַכן די ברכה און טרינקען):

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, בּוֹרֵא פְּרִי הַגָּפֶן.

אַלע (שטעלן זיך אויף, מען עפנט די טיר און מען זאָגט):

# שְׁפֹךְ חֲמָתְךָ אֶל הַגּוֹיִם אֲשֶׁר לֹא יְדָעוּךָ, וְעַל מַמְלָכוֹת אֲשֶׁר בְּשִׁמְךָ לֹא קָרָאוּ.

קינד א:

שפוך חמתך על הגויים!
די וואָס האָבן ניט פאַרשטאַנען
יענע גאולה פון מצרים,
די באַפרייאונג פון טיראַנען!

קינד ב:

וואָס זיי האָבן דיך געצוואונגען
אין די קעלערן און היילן
זיך באַהאַלטן און פון פרייהייט
דיינע קינדער צו דער'ציילן...

קינד ג:

שפוך חמתך על הגויים!
וואָס פאַרשטייען נית גאָטס נאָמען,
און דער פסח און דער פרילינג
דינט אַ צייכן פאַר פאָגראָמען...

קינד ד:

ווייל זיי האָבן אין די כוסות
דיר געגאָסן שרעק און סם,
און פאַרפלעקט דיין ריינסטן יום־טוב
מיט אַ בייז עלילת דם...

אַלע (זינגען):






# אֲנִי מַאֲמִין בֶּאֱמוּנָה שְׁלֵמָה
# בְּבִיאַת הַמָּשִׁיחַ
# וְאַף עַל פִּי שֶׁיִּתְמַהְמֵהַ
# בְּכָל זאת אֲנִי מַאֲמִין שֶׁיָּבֹא.

אָנפירער פון סדר:

אָט שטייט אליהו הנביאס כוס:

קינד:




אליהוס כוס דער שיינער
שטייט שוין פול מיט וויין.
באַלד וועט אליהו קומען
באַלד וועט ער אַריין.

ווייל צום סדר קומט ער בענטשן
יעדן יידנס הויז:
און פאַר אים דעם כוס דעם שענסטן
קלייבט מען שטענדיק אויס.

ער איז שוין ביי אונדז צום סדר
וויפל מאָל געווען...
אָבער איך ווייס, אַז אליהון
קאָן ניט קיינער זען.

עפנט מען פאַר אים די טירן
און איך קוק זיך איין
אפשר וועל איך פאַרט דערזען אים
ווען ער וועט אַריין...

אַלע (זינגען):

ANDANTINO

E- LI-YO - HU HA- NO-VI E-LI-YO-HU

HA-TISH-BI E-LI-YO-HU E-LI-YO-HU E-LI-YO-HU HA-

GIL-O- DI FINE BIM-HI-RO BE-YO-MEI-NU YO-VO E-

LEI - NU IM MO-SHI-ACH BEN DO-VID IM MO-SHI-ACH

BEN DO-VID D.C. AL FINE

אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא, אֵלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי
אֵלִיָּהוּ (3)
הַגִּלְעָדִי.

בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ
יָבֹא אֵלֵינוּ
עִם מָשִׁיחַ בֶּן דָּוִד (2)

אָנפירער פון סדר:

לאָמיר טרינקען דעם פערטן כוס.

קינד:

און איצט אַלע מיט פרייד און מוט
פאַר די וועלט זי זאָל זיין גוט
שיין און גוט זאָל זי זיין —
לאָמיר טרינקען דעם כוס מיט וויין.

אָנפירער פון סדר (מאַכט די ברכה)

## בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, בּוֹרֵא פְּרִי הַגָּפֶן.

אַלע: אָמֵן.

אַלע (זינגען):

1) KA- REV YIOM KA - REV YIOM A- SHER HU LO YIOM VE LO LAI-LA
2) SHOM-RIM HAF-KED HAF-KED LE-YIR- CHO KOL HA-YIO — VE-CHOL HA-LAI LA

1) RAM HODA - DA HO- DA HO- DA KI LE-CHA HA-YIOM AF LE-
2) TA- IR TA- IR TA- IR TA- IR TA IR KE-OR YIOM

1) CHA HA- LAI- LA.
2) CHESH-KAT LAI- LA.

קָרֵב יוֹם אֲשֶׁר הוּא לֹא יוֹם וְלֹא
לַיְלָה, רָם הוֹדַע כִּי לְךָ הַיּוֹם אַף לְךָ
הַלַּיְלָה, שׁוֹמְרִים הַפְקֵד לְעִירְךָ כָּל
הַיּוֹם וְכָל הַלַּיְלָה, תָּאִיר כְּאוֹר יוֹם
חֶשְׁכַּת לַיְלָה. וַיְהִי בַּחֲצִי הַלַּיְלָה.

אַלע (זינגען):



# אַדִּיר הוּא

יִבְנֶה בֵיתוֹ בְּקָרוֹב, בִּמְהֵרָה בִּמְהֵרָה,
בְּיָמֵינוּ בְּקָרוֹב. אֵל בְּנֵה, אֵל בְּנֵה,
בְּנֵה בֵיתְךָ בְּקָרוֹב.

## בָּחוּר הוּא, גָּדוֹל הוּא, דָּגוּל הוּא,

יִבְנֶה בֵיתוֹ בְּקָרוֹב, בִּמְהֵרָה בִּמְהֵרָה, בְּיָמֵינוּ
בְּקָרוֹב. אֵל בְּנֵה, אֵל בְּנֵה, בְּנֵה בֵיתְךָ בְּקָרוֹב.

## הָדוּר הוּא, וָתִיק הוּא, זַכַּאי הוּא,

יִבְנֶה בֵיתוֹ בְּקָרוֹב, בִּמְהֵרָה בִּמְהֵרָה, בְּיָמֵינוּ
בְּקָרוֹב. אֵל בְּנֵה, אֵל בְּנֵה, בְּנֵה בֵיתְךָ בְּקָרוֹב.

אַלע (זינגען):



## אֶחָד מִי יוֹדֵעַ?

אֶחָד אֲנִי יוֹדֵעַ: אֶחָד אֱלֹהֵינוּ
שֶׁבַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ.

## שְׁנַיִם מִי יוֹדֵעַ?

שְׁנַיִם אֲנִי יוֹדֵעַ: שְׁנֵי לֻחוֹת הַבְּרִית,
אֶחָד אֱלֹהֵינוּ שֶׁבַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ.

## שְׁלֹשָׁה מִי יוֹדֵעַ?

שְׁלֹשָׁה אֲנִי יוֹדֵעַ: שְׁלֹשָׁה אָבוֹת,
שְׁנֵי לֻחוֹת הַבְּרִית, אֶחָד אֱלֹהֵינוּ
שֶׁבַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ.

## אַרְבַּע מִי יוֹדֵעַ?

אַרְבַּע אֲנִי יוֹדֵעַ: אַרְבַּע אִמָּהוֹת,
שְׁלֹשָׁה אָבוֹת, שְׁנֵי לֻחוֹת הַבְּרִית,
אֶחָד אֱלֹהֵינוּ שֶׁבַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ.

## חֲמִשָּׁה מִי יוֹדֵעַ?

חֲמִשָּׁה אֲנִי יוֹדֵעַ: חֲמִשָּׁה חוּמְשֵׁי
תוֹרָה, אַרְבַּע אִמָּהוֹת, שְׁלֹשָׁה אָבוֹת,
שְׁנֵי לֻחוֹת הַבְּרִית, אֶחָד אֱלֹהֵינוּ
שֶׁבַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ.

## שִׁשָּׁה מִי יוֹדֵעַ?

שִׁשָּׁה אֲנִי יוֹדֵעַ: שִׁשָּׁה סִדְרֵי מִשְׁנָה,
חֲמִשָּׁה חוּמְשֵׁי תוֹרָה, אַרְבַּע אִמָּהוֹת,
שְׁלֹשָׁה אָבוֹת, שְׁנֵי לֻחוֹת הַבְּרִית,
אֶחָד אֱלֹהֵינוּ שֶׁבַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ.

## שִׁבְעָה מִי יוֹדֵעַ?

שִׁבְעָה אֲנִי יוֹדֵעַ: שִׁבְעָה יְמֵי שַׁבַּתָּא,
שִׁשָּׁה סִדְרֵי מִשְׁנָה, חֲמִשָּׁה חוּמְשֵׁי
תוֹרָה, אַרְבַּע אִמָּהוֹת, שְׁלֹשָׁה אָבוֹת,
שְׁנֵי לֻחוֹת הַבְּרִית, אֶחָד אֱלֹהֵינוּ
שֶׁבַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ.

אָנפירער פון סדר:

און צום סוף פון אונדזער סדר — די אַלטינקע מעשה מיט
אַ ציג, אַ ווייסע:

•אַלע:

CON MOTO
CHAD GAD-YO — CHAD GAD-YO DE- ZA-BIN A-BO BIS-REI-ZU-ZEI
FINE
CHAD GAD-YO — CHAD GAD-YO VE- O-SO SHUN-RO VE-OCH-LO LEGAD-YO DE
ZA-BIN A-BO BIS-REI-ZU ZE VE-
D.C. AL FINE
O-SO KAL-BO VE-NO-SHACH LE-SHUN-RO DE-O-CHAL LE-GAD-
YO DE-ZA-BIN A-BO BIS-REI-ZU ZEI
D.C. AL FINE

חַד גַּדְיָא, חַד גַּדְיָא
דְזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי
חַד גַּדְיָא, חַד גַּדְיָא.

וְאָתָא שׁוּנְרָא וְאָכַל לְגַדְיָא
דְזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי
חַד גַּדְיָא, חַד גַּדְיָא.

וְאָתָא כַּלְבָּא וְנָשַׁךְ לְשׁוּנְרָא
דְאָכַל לְגַדְיָא
דְזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי
חַד גַּדְיָא, חַד גַּדְיָא.

## אַלע (זינגען):




כ׳האָב פֿאַר אײַך אַ מעשׂהלע,
אַ מעשׂהלע גאָר שיין.
דער טאַטע האָט אַ ציגעלע,
געקויפֿט פֿאַר צווײ גילדיין.
אַ ציגעלע, אַ ווײַסינקע,
אַ שיינינקע ווי גאָלד,
און צוויי גילדיין מזומענע,
האָט ער פֿאַר איר באַצאָלט.
חד גדיא...

איז דאָך אין הויף אַ קאַץ געווען,
אַ מזיק, ווי באַוואוסט;
האָט קעצלען זיך פֿאַרצוקן גאָר
דאָס ציגעלע פֿאַרגלוסט.
דערזען האָט עס הינטעלע,
פֿאַרדריסט עס אים גאַנץ שטאַרק,
ער וואַרפֿט זיך אויף דער בייזער קאַץ,
און בײַסט איר אײַן אין קאַרק.
חד גדיא...

קומט שטעקעלע און כּעס אַרײַן
און טראַכט גאָרניט קיין סך,
און שפּאַלט דאָס קעפּל הינטעלע,
דו, הונט, ס׳איז ניט דײַן זאַך.
צעפֿלאַקערט האָט זיך פֿײַערל
פֿאַר כּעס צונטער־רויט:
דו שטעקעלע, דו פֿלעקעלע,
איך מאַך דיר באַלד אַ טויט.
חד גדיא...

אָנפירער פון סדר:



אַלע (זינגען):

L'-sha - na ha-ba - a bi - ru-sha-la- yim, l'-sha-

na ha - ba - a bi - ru-sha-la - yim, l'-sha-

na ha - ba - a bi - ru-sha la - yim, l'-sha -

na ha - ba - a bi - ru-sha-la - yim.

# לְשָׁנָה הַבָּאָה בִּירוּשָׁלָיִם.

